פראלעטאריער פון אלע פעלקער פאראייניגט זיך!

# צווייטע אלפארטייאישע באראטונג

פון דער פאראייניגטער אידישער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי.

האמעל — 28-4 — 2-5 — 1920.

# = רעזאלוציעס =

אויסגאבע פון יעקאטערינאסלאווער קאמיטעט
.1920



קאטערינאסלאוו, דרוקעריי «קולטורא», וואסקרעסענסקע, 15.

# אונזער פאליטישע פאזיציע.

I.

די ערשטע אלפארטייאישע קאנפערענץ (האמעל, יולי, 1919) האט אנערקענט, אז

1) די מילכאמע, וועלכע איז געווען דער אומפארמיידליכער פועל-יוצא פון דער אימפעריאליסטישער פאזע פון קאפיטאליזם, האט פארשארפט ביזן העכסטן גראד די אומלעזבארע ווידערשפרוכן פון קאפיטאליסטישן ווירטשאפט-סיסטעם און האט אים דערנענטערט צו זיין אונטערגאנג.

2) אדאנק דעם איז געווארן אומפארמיידליך דאס אויסערגיין פון דער אימפעריאליסטישער וועלט-מילכאמע צווישן מלוכעס אין א וועלט-רעוואלוציע פון די אונטערדריקטע קלאסן פון אלע פעלקער.

3) די מילכאמע איז געווען ארויסגערופן צוליב דער אימפעריאליסטישער קאנקורענץ פון די עקאנאמיש פארגעשריטענע לענדער, וועלכע האבן זיך געשטיצט אויף די אפגעשטאנענסטע מלוכעס אלס אימפעריאליסטישע הינטערלענדער. אין די לענדער, וועלכע זיינען צום ווייניגסטן בקיאך געווען אויסצוהאלטן דעם אונגעהייערן לאסט פון דער וועלט-מילכאמע און זיינען צום שווערסטן רואינירט געווארן, זיינען די ארבעטנדיקע מאסן פון שטאט און דארף געווען געצוואונגען די ערשטע צו אנטבלויזן דעם פראנט פון דער מילכאמע און צו ווערן דער אוואנגארד פון דער סאציאליסטישער וועלט-רעוואלוציע.

4) דער ערשטער אנזאג פון אט דער פארוואנדלונג פון דער וועלט-מילכאמע אין א וועלט-רעוואלוציע איז געווען די

פעווראלער רעוואָלוציע אין רוסלאנד, וועלכע האט נאָכן אָק־טאבער-אויפשטאנד פונם רוסלענדישן פראָלעטאריאט, ווען ס'איז באשאפן געוואָרן דאָס ראטן-רוסלאנד, אנגעהויבן פארכאפן אלץ א גרעסערן וועלט-שעטאך, באשאפנדיק דאס ראטן-אונגארן און פארשטארקנדיק די ראטן-באוועגונג אין א ריי אנדערע לענדער.

5) די דאָזיגע רעוואָלוציעס עפענען מיט זיך די טקופע פון דער אלוועלטליכער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע, וועלכע וועט אין איר לעצטן סאך-האקל ברענגען דעם סאָציאליסטישן וועלט-סיידער.

6) די אויפגאבע פונם פראָלעטאריאט אין אָט דער טקופע איז שוין ניט מער דער קאמף פאר אויסבעסערן זיין לאגע דורך זיין דרוק אויף דער מלוכע-מאכט, נאר דער קאמף פאר דער מלוכע־מאכט גופע, קדיי, איינשטעלנדיג די דיקטאטור פונם פראָלעטאריאט, אָפשאפן די קלאסן-סיסטעם פון דער געזעלשאפט און איינפירן די סאָציאליסטישע אָרדנונג.

II.

די צווייטע אלפארטייאישע באראטונג קאָנסטאטירט, אַז אננעמענדיק די דאזיקע טעזיסן, אין וועלכע ס'ווערן קלאָר פארמולירט די אוממיטלבארע אויפגאבן פון פראָלעטאריאט צו פארכאפן אויף דעם רעוואָלוציאָנערן אויפן די מלוכע־מאכט, איינצושטעלן זיין קלאסן-דיקטאטור, קדיי דורכצופירן די סאָציא-ליסטישע רעוואלוציע, האט זיך די פארטיי געשטעלט אויף דער פאָזיציע פון קאָמוניזם.

די רוסלענדישע און אלוועלטליכע געשעהענישן פון פאר-גאנגענעם יאָר האָבן פולקאָם באשטעטיגט די ריכטיגקייט פון אָט דער פאָזיציע.

דער אנטגילטיגער ניצאכן פונם סאציאליסטישן ראטן-רוסלאנד איבער קאלטשאקן, יודעניטשן און דעניקינען איז ניט נאר א ניצאכן פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע איבער דער

רוסלענדישער קאָנטער-רעוואָלוציע, דאס איז דער ניצאָכן פון דער סאָציאליסטישער וועלט־רעוואָלוציע, אין געשטאלט פון קאמוניסטישן אוואנגארד אין רוסלאנד, איבער דעם וועלט־אימפּעריאליזם אין געשטאלט פון דער אנטאנט און אירע מיט-לויפערישע מלוכעס און פּארטייען פוןביידע קאאליציעס. ס׳איז נאך מער בוילעטער געוואָרן דער פאקט, אז די הערשנדע קלאסן, סיי פון די זיגער, סיי פון די באזיגטע, זיינען לאכלוטן נישט פעהיג צו ליקווידירן דעם מילכאָמע־צושטאנד און אָפּצו-שטעלן די צעטרייסלטע וועלט־ווירטשאפט.

דער לפי-ערעך גרעסערער מאטעריעלער וואוילשטאנד אין די לענדער פון מיירעוו-אייראָפּע און אַמעריקע נעמט זיך ניט פון דער שעפערישער ענערגיע פון דעם ל׳אייס־אַטע נאך הערשנדיקן דארט קאפּיטאליזם, נאר פון דעם, וואס אין די דאָזיקע עקאָנאָמיש מער אנטוויקלטע לענדער איז נאך פון דער מילכאָמע פארבליבן מער מאטעריעלע אויצרעס, וועלכע ס׳ווערן פארשווענדעט לשעם אונטערהאלטן די ווייטערדיקע מעגליכקייטן פון עקספּלואטאציע און וועלט־גזיילע. רוסלאנד אבער, וועלכע האט לכאטכילע געהאט ווייניקער מאטעריעלע רעסורסן, לעבט אין גרעסערע דאכקעס, נישט געקוקט אויפן ניצאכן פון פּראָלעטאריאט.

אָבער דאָס סאָציאליסטישע ראטן-רוסלאנד האט אויסגע-בילדעט איר שאפונג־אפּאראט, וועלכער טראָגט מיט זיך און איז בקויאך, דורך דער פּראָלעטארישער ארבעט־דיסציפּלין און אלגעמיינער ארבעט־פליכט, דורכצופירן די אויפשטעלונג פון דער ווירטשאפט.

דעריבער ווערט, פון איין זייט, דער ארבעטער-קלאס פון אלע לענדער און פעלקער, ווי ס׳באווייזן עס די לעצטע געשע-הענישן אין דייטשלאנד, דער אלץ מער רעוואָלוציאָנערער קורס פונם איינגלישן פּראָלעטאריאט און די שטייגנדע רעוואָלוציאָ-נערע ארבעט־באוועגונג אין אלע לענדער, ארייגצויגן אין

קאמף פאר זיין קלאסן־דיקטאטור; פון דער אנדער זייט, זעהען מיר, אז די אנטאנט גייט אף האנאכעס, פשאַרעס און אפילו שאלעם מיטן ראטן-רוסלאנד.

די וועלט-געשעהענישן פון לעצטן יאָר האבן דערוויזן, אז דער פאַרנעם און דראנג פון דער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע, וועלכע קאָן און וועט אנטגילטיג זיגן נאר אין אינטערנאציאָנאלן מאסשטאב, מאכן אויף א געוויסער צייט מעגליך.

די סאָציאליסטישע בויאונגס-ארבעט אויך אין די מער אפגעשטאנענע אגראר-לענדער, נאָך איידער די מער אנטוויקלטע אינדוסטריעלע לענדער זיינען אויפן וועג פון פראקטישן פארווירקליכן דעם סאָציאליזם.

דעריבער געפינט די בּאראטונג:

1) אז דער שטאנדפונקט פון דער געוועזענער ערשטער אלפּארטייאישער קאָנפערענץ—אז אין די לענדער פון דער געוועזענער רוסלענדישער אימפעריע, אלס אין אגראר-לענדער מיט א שוואך אנטוויקלטער אינדוסטריע, האט די רעוואָלוציע א סאָציאליסטישן ווערט, אָבער ניט קיין סאָציאליסטישן עצעם— אנטשפּרעכט שוין ניט דעם אינטערנאציאָנאלן פארנעם פון דער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע.

2) דער פּאָליטישער אויסגלייך פון דער ראטן-מאכט מיטן ארבעטס-פּויערטום, אין וועלכן די ערשטע קאָנפערענץ האט ריכטיג געזעהן די הויפּט גאראנטיע פארן ערפאָלג פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, קאָן זיך אויסדריקן ניט דאווקע ווי טיילן זיך מיט דער מאכט מיטן ארבעטס-פּויערטום אלס קלאס, נאר אויך אין א פּלאַנמעסיגער פּאָליטיק פון דער פּראָלעטארישער מאכט, וועלכע זאל שטרעבן צו באפרידיקן די אינטערעסן פון אָט דעם פּויערטום און פארגרינגערן אים באהעפטן זיך מיט דער סאָציאליסטישער אָרדנונג.

3) קאָנסטאטירנדיק, אז אין מעשעך פונם פארגאנגענעם יאָר האָט די רוסלענדישע קאמוניסטישע פּארטיי און די ראטן-

מאכט ארויסגעוויזן אַ גאַנץ קלאָרע טענדענץ צו פירן אַ פּאָלי-טיק פון שאַפן אזא פרידליכן אויסגלייך מיטן ארבעטס-פּויער-טום; אז מיט די אלע מער אנטשיידנדיגע ניבכוינעס איבער דער קאָנטר-רעוואָלוציע הויבט אָן די ראַטן-מאַכט ביסלאַכווייס ליק-ווידירן די פּאָליטיק פון טעראָר; אז די פּאַרבליבענע טאַקטישע בלוקיי-דייעס און ניואַנסן זיינען שוין ניט אזעלכע, וועלכע זאלן פאַרעכטיקן אונזער ווייטערדיקן אפּהאלטן זיך פון נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דער ארבעט פון דער ראַטן-מאַכט—

דערקלערט די 2-טע אלפּאַרטייאישע באַראַטונג:

1) די פּ. א. ס. ה. פּ. איז א קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע פונם אידישן ארבעטער קלאַס.

2) די פּרינציפּעלע פּאָזיציע, אויף וועלכער ס'שטייט איצט אונזער פּאַרטיי, איז די זעלביגע, וואס אויף איר באַזירט זיך די פּראָגראַם פון ר. ק. פּ.

## וועגן אינטערנאַציאָנאַל.

די אימפּעריאַליסטישע וועלט-מלחמה האט נאך באַ איר אנהויב ניט בלויז דעזאָרגאַניזירט די רייהען פונם אינטערנאַצי-אָנאַלן ארבעטער-קלאַס, נאר זי האט אויך אריינגעטראָגן א גרויסע דעמאָראַליזאַציע אין די רייהען פון זיינע אָנפירנדיגע קרייזען, אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ברייט: מיטן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער האט זיך געלאָזט אריינציען אין נאַציאָנאַל-אימפּעריאַליסטישע כעשבוינעס, געווענדעט קעגן די אינטערעסן פונם פּראָלעטאַריאַט. דער איבערגאַנג פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט-מלחמה אין דער סאָציאַליסטישער וועלט-רעוואָלוציע האט ארויסגערוקט די דרינגענדיגע נויטיג-קייט פאַרן אַלוועלטליכן פּראָלעטאַריאַט צו שאַפן א נייעם אינ-טערנאַציאָנאַל, וועלכער דאַרף זיין דער באַגייסטערער און פּראַקטישער אָנפירער פון אַט דער רעוואָלוציע, אזא אידייאישן

און פאָליטישן אַנפירער זעהען מיר אין דעם דריטן קאמוניסטישן אינטערנאציאָנאל, ארום וועלכן ס'גרופירן זיך שוין איצטער אלע סאָציאליסטישע פּראָלעטארישע פארטייען פון אלע לענדערן אלע פרובן צו שאפן א נייעם אינטערנאציאָנאל, אויסער דעם קאמוניסטישן, מוזן נאר צעברעקלען די קויכעס פון אלוועלטליכן פּראָלעטאריאט און שטערן דעם נאָרמאלן גאַנג פון זיין רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין יעדן לאנד באזונדער.

אין העסקם מיט דער אלגעמיינער קאמוניסטישער פּאָזיציע, אויף וועלכער די פּארטיי שטייט, געפינט די בּאַראטונג, אז די פ. א. ס. א. פ. דארף זיך איינשליסן אין דריטן קאמוניסטישן אינטערנאציאָנאל. די בּאראטונג רופט דעם גאנצן אידישן ארבעטער-קלאַס צו שטעלן זיך אונטער דער פאָן פונם קאמוניסטישן אינטערנאציאָנאל.

## די נאציאנאלע פראגע.

די סאָציאליסטישע רעוואָלוציע קען זיין ערפאלגרייך אין ניצאכנדיק נאר דעמאָלט, ווען זי שטיצט זיך אויף דער ארגאַניזירטער זעלבסטטעטיגקייט פונם ארבעטער־קלאַס און פון די ברייטע ארבעטס־מאַסן.

די פאָרמען פון דער אָרגאניזירטער זעלבסטטעטיגקייט ווערן באדינגט ניט בלויז דורך די אינטערנאציאָנאלע גרונט־אינטערעסן פונם וועלט פּראָליעטאריאט, נאר אויך דורך די באזונדערארטיגע מלוכישע און נאציאָנאלע באדינגונגען און סיטואַציעס פון די איינצעלנע טיילן פונם אינטערנאציאָנאלן ארבעטער־קלאַס. אין נאציאָנען מלוכעס, ווי דאס זיינען די טיילן פון דער רוסלענדישער סאָציאל. פעדעראַט. ראטן רעפובליק, שאפט די סאָציאליסטישע רעוואָלוציע די ברייטסטע מעגליכקייט פאר די ארבעט־מאסן פון אלע פעלקער, און די אנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע גופא איז באזונדערס אפהייניגיק דערפון, אויף וויפיל ס'ווערן געגומען אין באטראכט די נאציאָנאלע באדינ-

גונגען און סיטואַציעס פון די דאָזיקע אַרבעט־מאַסן און זייער באַדערפעניש אין זעלבסטשטענדיגקייט. אַרויסגייענדיק פון די דאָזיקע האַנאַכעס, געפינט די אַלפּאַרטייאישע באַראַטונג:

א. קדיי דער אידישער אַרבעטער־קלאַס און די ברייטסטע אידישע אַרבעטער מאַסן זאָלן קאָנען אָרגאַניש אַריינגעצויגן ווערן אין דעם פּראָצעס פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע און זיין בקיאַך זי דורכפירן אין דער אָפּגעשטאַנענער אידישע סוויווע, דאַרפן אין דער סיסטעם פון דער ראַטן-מאַכט אַריינגעפירט ווערן אין דער ערשטער ריי אידישע קולטור־אָרגאַנען אָרטיגע און אַ צענטראַלער וועלכע, זייענדיק באַשטאַנד־טיילן פון די אַנטשפּרעכנדיקע ראַטן־אָרגאַנען, דאַרפן אַנפירן אויטאָנאָם מיט די ענינים פון דער אידישער קולטור.

ב. אויף וויפל ס'וועט זיך אַרויסווייזן די נויטיגקייט דערצו, דאַרפן געשאַפן ווערן אַנטשפּרעכנדיקע אָרגאַנען לויט דעם זעלבן-מאָדוס אויך פאַר אַנדערע געביטן פונם יידישן לעבן.

ג. ווען ס'וועלן געשאַפן ווערן אָרגאַנען, וואָס זיינען אַנגעוויזן אינם פּונקט „ב", דאַרף אויך באַשאַפן ווערן אַ צענטראַלער אָרגאַן, וועלכער דאַרף קאָאָרדינירן און צענטראַליזירן די טעטיגקייט פון די איינצעלנע צענטראַלע און אָרטיגע אָרגאַנען.

## וועגן פאַראייניגונג מיטן „בונד".

די צווייטע אַלפּאַרטייאישע באַראַטונג פון דער פּ. א. ס. א. פּ. קאָנסטאַטירט:

א) אין גאַנג פון דער גרויסער רוסלענדישער רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן און זיך אַלץ מער פאַרשטאַרקט דער פּראָצעס פון דער אידייאישער דערנענטערונג צווישן דער פּ. א. ס. א. פּ. און דעם „בונד", און ס'זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרן די היסטאָרישע אַרויסגערופענע כלוקי־דייעס צווישן די ביידע פּאַרטייען. די דאָזיגע דערנענטערונג האָט אויפגעשטעלט אויפן סיידער־האַיוים די פאַראייניגונג-פראַגע, וועלכע האָט זיך

אנגעהויבן באהאנדלען אויף בעראטונגען, קאנפערענצן און צוזאמענפארן פון ביידע פארטייען.

ב) נאך דער אקטאבער־רעוואלוציע פונם רוסלענדישן פראלעטאריאט, באזונדערס ווען זי האט אנגעהויבן פארוואנדלט ווערן אין א סאציאליסטישע וועלט־רעוואלוציע, האבן ביידע פארטייען, אויסדריקנדיק אין איין און דערזעלבער ריכטונג די אינטערעסן פונם אידישן ארבעטער־קלאס, אנגענומען איינע און די זעלביקע נייע ווענדונג אין זייער פראגראם און טאקטיק און האבן זיך ביידע אנטגילטיק ערקלערט אלס קאמוניסטישע ארגאניזאציעס פונם אידישן פראלעטאריאט און האבן זיך אנגעשלאסן צום דריטן קאמוניסטישן אינטערנאציאנאל.

ג) דער טעריטאריאליזם האט אין די רייהען פון אונזער פארטיי שוין פון לאנג אן אויפגעהערט צו זיין א פאליטישע סיסטעם פון מיטלען און איז פארבליבן בלויז ווי א אידעאלאגיע.

די פראבלעמען פון דער אידישער עמיגראציע, וועלכע האבן אם טיפסטן צעטיילט ביידע פארטייען, זיינען אנערקענט געווארן אויך דורך דער פראקטיק פונם „בונד“, אויף וויפיל די דאזיקע פראבלעמען האבן באקומען א פראקטישע באדייטונג, און איינציגע שלעמענטן פון פראלעטארישן טעריטאריאליזם, אלס א אידעאליסטישע סיסטעם, זיינען ארייננעדרונגען אויך אין דער אידעאלאגיע פון דעם טייל פון דער אידישער ארבעטערשאפט, וואס גייט אונטער דער פאן פונם „בונד“.

ד) אין דער איצטיגער תקופה פון דער סאציאליסטישער רעוואלוציע, ווען אלע גרונט־פראגן פונם אלגעמיינעם און אידישן לעבן באקומען א ראדיקאל נייעם אויסזעהן, און די אינטערעסן פון דער רעוואלוציע גופא באפעלן דרינגענדיק די פעסטעסטע צונויפשמידונג פון אלע קאמף־מאכנעס פונם אידישן פראלעטאריאט, עקזיסטירט ניט קיין שום בארעכטיגונג פאר דער אפגעזונדערטער עקזיסטענץ פון די צוויי קאמוניסטישע

ברודער־ארגאניזאציעס פונם אידישן פראָלעטאריאט—פון דער פ. א. ס. א. פ. און דעם „בונד“.

די באראטונג לייגט פאר דעם קומענדיקן צ.־ק. פאַרטבּײַזעצן די ביז אהער געפירטע פארהאנדלונגען מיט די אנטשפּרעכנדיקע אינשטאנצן פון „בונד“, כדי וואס גיכער דורכפירן אין לעבן די פאראייניגונג פון אונזער פארטיי מיטן „בונד“.

## אונזער באציאונג צו ר. ק. פּ. און ק. פּ. א.

די פאראייניגטע אידישע סאָציאליסטישע ארבעטער פארטיי אזוי ווי אירע ביידע באשטאנד־טיילן (ס. ס. און י. ס.) פאר דער פאראייניגונג,—האט שטענדיג געשטרעבט צום אייגנסטן קאנטאקט מיט די טעריטאָריאלע סאָציאליסטישע פארטייען, ווי אויך צו אָרגאניזאציאָנעלער פארבינדונג מיט זיי.

אין דער איצטיגער עפּאָכע פון דער סאָציאליסטישער וועלט־רעוואָלוציע, וועלכע קאָן געפינען איר איינציגע פּאָליטישע אָנפירונג בלויז אין א פעסט אָרגאניזירטער קאמוניסטישער פארטיי, וואס פאראייניגט אלע קאמוניסטישע קרייזעס פון לאנד איז דער כיוון פון יעדער קאמוניסטישער אָרגאניזאציע צו ווערן א טייל פון דער קאמוניסטישער פארטיי.

די „פ. א. ס. א. פ.“, אננעמענדיק די פּרינציפּן, אויף וועלכע ס'איז געבויט די פּראָגראם פון ר. ק. פּ. און ק. פּ. א., האט ניט קיין שום גרונט צו פארבלייבן אלס א זעלבשטענדיקע פארטיי און דארף ארייננייין אין ר. ק. פּ. און ק. פּ. א.

די באראטונג געפינט, אז די קאמוניסטישע באוועגונג אין אלגעמיין און די שעפערישע ענערגיע פון דער קאמוניסט. לאנד פארטיי קאָנען זיך אנטפלעקן און איבעראנדערשן די אידישע סוויווע נאר דאמאָלט, ווען דער אידישער פּראָלעטאריאט וועט האָבן אין די ראמען פון דער לאנד־פארטיי זיין אויטאנאָמע מאסן־אָרגאניזאציע, וועלכע, אייגנ פארבונדן מיט די ברייטסטע אידישע פּראָלעטארישע און ארבעטס־מאסן, וועט

זיין בכּויאך דורכצופירן זויף אלע געביטן פונם אידישן לעבן די רעוואָלוציאָנערע אויפגאבן פונם ארבעטער קלאס.

די עקזיסטירנדע אידישע קאמוניסטישע סעקציעס זיינען, העז לויט זייער אָרגאניזאציאָנעלן בוי און העז לויט זייער פּאר-טיזאנישן עצעם, בשום־אויפן ניט מעסוגל צו ערפילן די אויפ-גאבן פונם אידישן פּראָלעטאריאט אין דער פּאָרקומענדיקער סאָציאלער רעוואָלוציע.

אויפן יעסאד פון די דאָזיקע האנאכעס, באשטימט די 2־טע אלפּארטייאישע בּאראטונג: די פּ. א. ס. א. פּ. דארף אננעמען אלע מיטלען אויף אריינגיין אין דער ר. ק. פּ. אלס אווטאנאָמע אָרגאניזאציע פונם אידישן פּראָלעטאריאט.

# די פּראפּ. באוועגונג.

1) אין דער איצטיגער טקופע פון דער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע, ווען דער רוסלענדישער און אוקראינישער פּראָ-לעטאריאט האט איבערגענומען די מלוכע־מאכט אין זיינע הענט און טרעט צו צום איבערבויען די קאפּיטאליסטישע געזעל-שאפט אויף סאָציאליסטישע יסוידעת, בילדן די פּראָפּ־פּאראיינען איינע פון די וויכטיגסטע אָרגאניזאציאָנס־ווירטשאפטליכע באזן. זייענדיג אַן אָרגאנישער טייל פון דער אלגעמיינער ראטן־אָרד-נונג אלס א [illegible]זעלכע, באטייליגן זיי זיך אינם אַנפירן מיט דער גאנצער ווירטשאפט פון לאנד און, האנט באַ האנט מיט אלע איבעריקע אָנפירנדיקע מלוכה־אָרגאנען, העלפן זיי מיט דעם קאמף קעגן דער אויסערליכער און אינערליכער קאָנטר־רעוואָ-לוציע און פירן דורך א רייהע אנדערע וויכטיגע מלוכע אויפ-גאבן, וועלכע ווערן דיקטירט פון דעם געגעבענעם מאָמענט.

2) דער קאטאסטראָפאלישער צושטאנד פון פאָלק-ווירט-שאפט אין די ראטן-רעפּובליקן, די רואינירונג פון דער גרויס-אינדוסטריע און פון דער שטאַטישער ווירטשאפט ביכלאל, וועלכע איז ענטשטאנען אלס א רעזולטאט פון דער דויערנדער וועלט

מלחמה און בירגער־קריג, פאָדערן מצאד די פראָפ־פאראיינען א באזונדערע אָנשטריינגונג פון זייער פאראייניגונגס־אפאראט אף באקעמפן דעם ווירטשאפטליכן כורבן פון לאנד און אויפשטעלן זיינע פראָדוקטיווע כויכעס און אינדוסטריע. אין דער דאָזיקער ריזיגער ארבעט דארפן די פראָפ־פאראיינען פארנעמען דעם ערשטן אָרט, העץ אין פראָצעס פון אָרגאניזירן די ברייטע ארבעטער־מאסן ארום דער ארבעט פאר אויפצושטעלן די פאָלקווירטשאפט, העץ אין דער אָנפירנדער ראָל ביים אוועקשטעלן און פארוואלטן מיט די ווירטשאפטליכע אָרגאנען פון דער ראטן־מלוכע, און בילדן אָרגאניש דעם הויפט־ביניען פון די דאָזיקע ווירטשאפטס אנשטאלטן. די לעצטע אויפגאבע וועט קענען מיט מער ערפאָלג און אין א ווייניגערן מעשעך צייט ערפילט ווערן דורך די פראָפ־פאראיינען, וואָס מער די לעצטע וועלן פארשטארקן זייער אפאראט דורכן אריינגיסן אין זיי אין א גרויסער צאָל געניטע און פאראנטוואָרטליכע פארטיי־טוער. צו דער זעלבער צייט דארפן אנגענומען ווערן ענערגישע מיטלען אויף צוציהען צו דער אנפירנדיקער און פארוואלטונגס ארבעט די ברייטסטע ארבעטער שיכטן. צוליב דעם צוועק דארפן די פראָפ־פאראיינען פארשטארקן זייער קולטור־בילדונגס טעטיגקייט ביכלאל און פראָפ. טעכנישע ביפראט.

3) אויף דורכצופירן איז לעבן די אלע וויכטיגע אויפגאבן, וועלכע פאָדערן אין דער איבערגאנגס-עפּאָכע די גרעסטע אָנשטריינגונג פון די קויכעס און אויך געוויסע קארבאנעס פונם ארבעטער־קלאַס אין גאנצן, דארפן די פראָפ. פאראיינען איינפירן ביי זיך א שטריינגע באוורשע דיסציפלין און פארשטארקן דעם גייסט פון פאַראנטוואָרטליכקייט ביי די מיטגלידער פון פאראיין, ווי אויך פארווירקליכן אין לעבן דעם פרינציפּ פון ברייטער זעלבסטטעטיגקייט פון די ארבעטער מאסן.

די גאנצע ארבעט פון דורכפירן די ארבעטס פליכטן, די נויטיגע מיליטאריזירונג פון אנטשפרעכנדיקע פראָדוקציאָנס־

צווייטן דארפן דורכגעפירט ווערן אונטער דער לייטונג פון די צענטראלע און ארטיקע געהעריגע פאראיינען.

נעמענדיק אין באטראכט די אויבנגעבראכטע האנאכעס, באשטימט די 2־טע אלפארט. באראטונג פון דער „פ. צ. ס. א. פ.":

א) באפעליכטן אלע פארטיי כאווײרים נעמען דעם אקטיוו־סטן אנטייל אין דער פראפ. באוועגונג און פירן אן אגיטאציע צווישן די ברייטע אידישע ארבעטער־שיכטן, אויפן גרונט פון די אנגעוויזענע הויפט-פרינציפן, אום אריינציען זיי אין דער פראפ. באוועגונג, און ארויסבאווייזן זייערע שעפערישע קויכעס אויפן געביט פונעם אויפלעבונג פון דער פאלקס־ווירטשאפט און דעם אלגעמיינעם מלוכע־בוי.

ב) בילדן פארטייאישע פראקציעס אין די פראפ. פאראיי־נען, וועלכע דארפן זיין אונטערגעווארפן די ארטיגע קאמיטעטן.

## וועגן דעם נאמען.

די צווייטע אלפארטייאישע באראטונג. פון דער פאראייניג־טער אידישער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי ערקלערט,— די פ. צ. ס. א. פ. האט אויף דער איצטיקער באראטונג אונטער־געפירט א סאך-האקל פון איר ביז איצטיקער אידייען-אנטוויקלונג און האט געמאכט דעם ווייטערן אנטשיידענעם שריט אויף דעם וועג, אויף וועלכן זי האט זיך געווענדעט שוין אנהייבנדיק פון דער 2-טער אוקריינישער פארטיי-קאנפערענץ אין דעקאבר 1918 און פון דער אלפארטייאישער קאנפערענץ אין יולי 1919.

די באראטונג קאנסטאטירט מיט גרויס באפרידיגונג, אז אט דער שריט—א נאטירליכער פועל-יוצא פון דעם גאנצן אידייען לעבן פון דער פארטיי—איז אויך ארגאניזאציאנעל פאר דער גאנצער פארטיי א נאטירליכער רעזולטאט פון איר גאנצער פאליטישער און ארגאניזאציאנס ארבעט. דאס האט געפונען א פולעטסטן אויסדרוק דערין, וואס די אנטשפרעכנדע רעזאלו־ציעס און באשלוסן זיינען אנגענומען געווארן פון דער באַרא־

טונג קימאט אײנשטימיק, און דער ארויסטריט פון צוויי באוויי-
רים פון דער באראטונג, וואס שטעלן מיט זיך פאר בלויז קלײנע
טײלן פון 2 ארגאניזאציעס, דארף אין קײן פאל ניט באטראכט
ווערן אלס א שפאלטונג אין אונזער פארטײ, נאר אלס ארויס-
טריט פון די באווײרים און פון די טײלן פון פארטײ גרופעס,
וואס זײ שטעלן מיט זיך פאר.

דעריבער ערקלערט די 3־טע אלפארט. באראטונג פון דער
ס. א. ס. א. פ., אז אומאפהײנגיג דערפון, צי די פארטײ וועט אין
איר ווײטערן לעבן און אנטוויקלונג טראגן דעם איצטיגן נא-
מען פון דער פארטײ אדער אנגעמען אן אנדער פארטײ־נאמען,
צי די פארטײ וועט ווײטער פירן א זעלבסטשטענדיקע פארטײ-
עקזיסטענץ, אדער וועט זיך פאראײניקן מיט אנדערע פארטײ
אויסבילדונגען פון אידישן ארבעטער־קלאס,—געהערט דער נא-
מען „פאראײניקטע אידישע סאציאליסטישע ארבעטער פארטײ"
אויסשליסלעך דער פארטײ אין גאנצן אלץ איר גאנצן מיניען
און בײניען און קאן בשום אופן ניט אויסגענוצט ווערן אלס
פארטײ־נאמען פון קלענערע אדער גרעסערע פארטײ־גרופן,
וואס זײנען פון דער פארטײ ארויסגעטראטן אדער וועלן פון
איר ארויסטרעטן.

---